אנטאן טשעכאוו.

# דער פארשלאג

א שפאס אין איין אקט.

יידיש: מ. טורקאָוו.

21

פארלאג
„בלומען“
וואַרשע.

אַנטאָן טשעכאָוו.

# דער פאָרשלאַג

א שפּאַס אין איין אַקט.

יִדיש: מ. טורקאָוו,

פארלאג „אונזער בוך“

וואַרשע 1922

# פערזאָנען:

סטעפאַן סטעפּאַנאָוויטש טשובוקאָוו, אַ פּריץ.

נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ, זיין טאָכטער 25 יאָר אַלט.

איוואַן וואַסיליעוויטש לאָמאָוו, טשובוקאָווס שכן, אַ געזונדטער, זאַטער אָבער זער פּיטרער פּריץ.

די האַנדלונג קומט-פאָר אין טשובוקאָווס גוט.

אַן אויפֿנאַם-שטוב בײַ טשובוקאָוון.

1

טשובוקאָוו און לאָמאָוו קומט אַרײַן אין פֿראַק

און הײַסע הענטשקעס

טשובוקאָוו אַ קײַגנגײענדיק אים: טײַבעלע, וועמען זע איך! איוואַן וואַסיליעוויטש! זער צופֿרידן! דריקט אים די האַנט אָט, אַ סורפּריז, מאַמעלע... וואָס מאַכט איר?

לאָמאָוו: כ'דאַנק איך. און וואָס באַווילקט איר צו מאַכן?

טשובוקאָוו: מען לעבט צו ביסלעך, מלאך מײַנער, אַ דאַנק אײַערע ברכות און דאָסגלײַכן. זעצט אײַך, ביטע... אָט, נישט גוט צו פֿאַרגעסן שכנים, מאַמעלע. טײַבעלע, אָבער וואָס זענט איר עס היינט אַזוי יום-טובדיק? אין פֿראַק, הענטשקעס און דאָסגלײַכן. איר פֿאָרט דען ערגעץ, אוצרל מײַנס?

לאָמאָוו: ניין, איך בין נאָר צו אײַך, געשעצטער סטעפּאַן סטעפּאַניטש.

טשובוקאָוו: נאָך וואָס-זשע אין פֿראַק, שענקייט? פּונקט אַזוי ווי אום ניי-יאָר מיט אַ וויזיט!

לאַמאָוו: פאַרשטייט איר מיך, ווען וואָס עס האַנדלט זיך נעמט אים אַן אונטערן אָרעם כ'בין צו אייך געקומען, געשעצטער סטעפּאַניטש, אייך צו באַאומרויקן מיט אַ בקשה. שוין נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען זיך ווענדן צו אייך נאָך הילף, און איר האָט אַלעמאָל, אַזוי צו זאָגן... אָבער, ענטשולדיקט, איך בין אויפגערעגט. כ'וועל טרינקען וואַסער, געשעצטער סטעפּאַן סטעפּאַניטש טרינקט וואַסער.

טשובוקאָוו צו זיך: ער וויל בעטן געלט! כ'וועל נישט געבן! צו אים ווען וואָס האַנדלט זיך, שענקייט?

לאַמאָוו: פאַרשטייט איר מיך, געשעצטער סטעפּאַניטש, ענטשולדיקט, סטעפּאַן געשעצטאָוויטש... דאָס הייסט, ווי איר זעט, בין איך שרעקליך אויפגערעגט... מיט איין וואָרט, איר זענט איינער, וועלכער קאָן מיר העלפן און הגם, פאַרשטייט זיך, איך האָב נישט פאַרדינט ...ן... און כ'האָב קיין שום רעכט נישט צו רעכענען אויף אייער הילף...

טשובוקאָוו: אָבער צושמירט נישט אַזוי די ווערטער, מאַמעלע! רעדט מיטאַמאָל! נו?

לאַמאָוו: באַלד... איין מינוט. עס האַנדלט זיך וועגן דעם, וואָס כ'בין אַהערגעקומען בעטן די האַנט פון אייער טאָכטער, נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ.

טשובוקאָוו: דערפרייט: מאַמעלע! איוואַן וואַסילעוויטש! חזרט איבער נאָכאַמאָל,—כ'האָב נישט דערהערט!

לאַמאָוו: כ'האָב דעם כבוד צו בעטן...

טשובוקאָוו איבעררייסנדיק: טייבעלע מיינס... כ'בין אַזוי צופרידן און אַזוי ווייטער... אָט טאַקי דאָס און דאָסגלייכן אָרעמט אים און קושט האָב איך שוין לאַנג געוואָלט. דאָס איז געווען מיין אייביקער וואונש. לאָזט אַ טרער כ'האָב אייך אַלעמאָל געליבט, ווי אַן אייגענעם זון, מלאך מיינער. הלואי זאָל אייך גאָט געבן אייביקע פרייד און ליבע און דאָסגלייכן, און איך האָב דאָך נאָר דאָס געוואָלט... אָבער וואָס שטיי איך דאָ, ווי אַ גולם? דאָס איז פון שמחה, פון גרויס שמחה! אַך, איך פון

גאַנצן האַרץ... כ׳וועל גיין אַריינרופן נאַטאַשען און אַזוי ווייטער.

לאָמאָוו גערירט : געשעצטער סטעפּאַן סטעפּאַניטש, ווי מיינט איר, קאָן איך רעכענען אויף איר הסכמה?

טשובוקאָוו: אָט אַזאַ שענקייט און... און פלוצלינג וועט זי נישט מסכים זיין! זי איז נעבעך פאַרליבט, ווי אַ קעצל און אַזוי ווייטער... באַלד! אָפּ.

## II

### לאָמאָוו אַליין.

לאָמאָוו : קאַלט... כ׳ציטער אינגאַנצן, ווי פאַר אַן עקזאַמען. איבערהויפּט — מען מוז זיין ענטשלאָסן. אויב דו וועסט לאַנג קלערן, קווענקלען זיך, אַ סך רעדן און וואַרטן אויף אַן אידעאַלען שדוך אָדער אמתער ליבע, וועסטו קיינמאָל נישט חתונה האָבן... בררר !.. קאַלט ! נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ, איז אַן אויסגעצייכנטע בעל-הביתטע, נישט קיין נאַר, געבילדעט... און וואָס דאַרף איך מער? פונדעסטוועגן הייבט מיר שוין אָן רוישן אין אויער פון אויפרעגונג. טרינקט וואַסער און נישט התונה-האָבן טאָר איך נישט... קודם-כל, בין איך שוין 35 יאָר אַלט, אַן עלטער, אַזוי צו זאָגן, אַן ערנסטע. צווייטנס, מוז איך האָבן אַ רויק, רעגולער לעבן... כ׳האָב אַ האַרץ-פעלער, אָפטע האַרץ-קלאַפּענישן, כ׳בין היציק און כ׳רעג מיך אויף אַלעמאָל זער שטאַרק... אָט יעצט ציטערן מיר די ליפּן און דאָס רעכטע אויגן-ליד צאַפּלט... נאָר דאָס ערגסטע איז ביי מיר דער שלאָף. אַז כ׳לייג מיך נאָר אין בעט אַריין און כ׳ווער קוים אַנטשלאָפן, ווי פלוצלינג אין דער לינקער זייט — קלאַפּ ! און ס׳טוט באַלד וויי דער קאָפּ, די פּלייצעס... כ׳שפּרינג-אויף ווי

אַ משוגענער, כ׳שפּאַציר זיך אַביסל דורך און כ׳לייג זיך ווידער, און ווען כ׳ווער נאָר אַנטשלאָפן, ווי ביי מיר אין זייט ווידער —קלאַפּ! און אַזוי צוואָנציק מאָל...

III

## נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ און לאָמאָוו.

נ אַ ט אַ ל י אַ קומט אריין: נו, אָט! דאָס זענט איר און דער פּאַפּאַ זאָגט: גיי, ס׳איז דאָרט געקומען אַ קונה נאָך כחורה. גוט-מאָרגן, איוואַן וואַסיליעוויטש!

ל אָ מ אָ וו: גוט-מאָרגן, געשעצטע נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ!

נ אַ ט אַ ל י אַ: ענטשולדיקט, וואָס איך בין נאָך אין די מאָרגן-קליידער... מיר קלויבן אַרבעס צום טריקענען. פאַרוואָס זענט איר ביי אונז אַזוי לאַנג נישט געווען? זעצט אייך... זעצט זיך איר ווילט פרישטיקן?

ל אָ מ אָ וו: ניין, כ׳דאַנק אייך, כ׳האָב שוין געגעסן.

נ אַ ט אַ ל י אַ: רויכערט... אָט זענען שוועבעלעך... דאָס וועטער איז היינט הערליך שיין, אָבער נעכטן איז געווען אַזאַ שלאַקס-רעגן, אַז די אַרבייטער האָבן אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט געטון. איר האָט שוין אַ סך בינטלעך אָפּגעשניטן? שטעלט אייך פאָר, איך האָב זיך צוגעאײלט און שוין געשניטן פון גאַנצן פעלד און יעצט האָב איך מורא, די תבואה זאָל נישט פאַרפוילט ווערן. געדאַרפט בעסער וואַרטן. אָבער וואָס איז עס? דאַכט זיך איר זענט אין פראַק! אָט אַ נייעס! אויף אַ באַל פאָרט איר, אָדער וואָס? אַגב, איר זעט בעסער אויס... באמת, פאַרוואָס זענט איר היינט אַזוי עלעגאַנט?

ל אָ מ אָ וו רעגט זיך אויף: פאַרשטייט איר מיך, געשעצטע

נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ... עס האַנדלט זיך וועגן דעם, אַז איך האָב באַשלאָסן אייך בעטן, איר זאָלט איינוויליגן מיך אויסצו-הערן... פאַרשטייט זיך, איר וועט זיך וואונדערן, און אפילו בייזערן, אָבער איך... אַן אַ זיסע שרעקליך קאַלט!

נאַטאַליאַ: וועגן וואָס האַנדלט זיך? פּויזע. נו?

לאָמאָוו: כ׳וועל מיך באַמיען זאָגן בקיצור. אייך, געשעצטע נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ איז באַוואוסט, אַז שוין פון לאַנגע יאָרן אָן, פון מיין קינדהייט-אָן, האָב איך דעם כבוד צו קענען אייער משפחה. מיין פאַרשטאָרבענע מומע און איר מאַן, פון וועלכן איך האָב באַקומען בירושה די ערד, זענען אַלע-מאָל געווען פול מיט אַכטונג צו אייער געשעצטן פּאַפּאַשאַ און זעליגער מאַמאַשאַ. די משפחה פון לאָמאָווס מיט דער משפחה פון טשובוקאָווס, זענען אַלעמאָל געווען אין די בעסטע פריינט-ליכע באַציונגען און מען קאָן אפילו זאָגן, אַז זיי זענען גע-ווען צונויפגעבונדן מיט זיך, ווי איין משפחה. אַ חוץ דעם, ווי איר באַוויליקט צו וויסן, גיסט זיך צונויף זער ענג מיין ערד מיט אייערע. אויב איר באַוויליקט צוגעדענקען, גרענעצן זיך מיינע אָקסן-לאָנקעס מיט אייער בירקן-וואַלד.

נאַטאַליאַ: ענטשולדיקט, וואָס כ׳רייס אייך איבער. איר זאָגט, מיינע אָקסן-לאָנקעס... צי דען זענען זיי אייע-רע?

לאָמאָוו: אַודאי מיינע...

נאַטאַליאַ: נו, אָט האָסטו דיר! די אָקסן-לאָנקעס זענען אונזערע און נישט אייערע!

לאָמאָוו: ניין, זיי זענען מיינע, געשעצטע נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ.

נאַטאַליאַ: דאָס איז פאַר מיר אַ נייעס. פון ווען זענען זיי עס אייערע?

לאָמאָוו: וואָס הייסט פון ווען? איך רעד וועגן דער טייל אָקסן-לאָנקעס, וואָס גייט אַריין, ווי אַ קלין צווישן איי-ער בירקן-וואַלד און די גאַריעלע-בלאָטעס.

נאַטאַליאַ: נו, יאָ, יאָ... זיי זענען אונזערע...

לאָמאָוו: ניין, איר האָט אַ טעות, געשעצטע נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָווּנאַ,—זיי זענען מיינע.

נאַטאַליאַ: געדענקס, וואָס איר רעדט, איוואַן וואַסילעוויטש! ווי לאַנג זענען זיי שוין אייערע?

לאָמאָוו: וואָס הייסט, ווי לאַנג? אויף וויפיל איך ווייס, געהערן זיי צו אונז מקדמונים-אָן.

נאַטאַליאַ: נו, איר וועט מיר ענטשולדיקן, ס'איז נישט אַזוי!

לאָמאָוו: פון די דאָקומענטן קאָן מען עס זען, געשעצטע נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָווּנאַ. וועגן די אָקסן-לאָנקעס האָט מען זיך אַמאָל געקריגט—דאָס איז אמת, אָבער איצט איז אַלעמען באַוואוסט, אַז זיי זענען מיינע און ס'איז נישטאָ זיך וועגן וואָס צו קריגן. דערמאָנט אייך: מיין מומעס באָבע האָט אַוועקגעגעבן די לאָנקעס די פּויערן פון אייער פּאַפּאַשאַס זיידן, אויף אַן אומבאַגרענעצטער צייט און רעכט צו עקספּלאָאַטירן זיי, דערפאַר, וואָס זיי האָבן פאַר איר געברענט ציגל. די פּויערן פון אייער פּאַפּאַשאַס זיידן האָבן זיך מיט דער ערד באַנוצט אין משך פון 40 יאָר און זיך אויסגעלערנט זי האַלטן, פּונקט אַזוי ווי זייער אייגענע. שפּעטער, ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן...

נאַטאַליאַ: ס'איז גאָרנישט אַזוי ווי איר דערציילט! אי מיין זיידע, אי מיין עלטער-זיידע האָבן אַלעמאָל געטענהט, אַז זייער ערד דערגרייכט ביז צו די בלאָטעס, —ד. ה. די אָקסן-לאָנקעס זענען געווען אונזערע. איך פאַרשטיי נישט, וועגן וואָס דאָ איז זיך דאָ צו קריגן? ס'פאַרדריסט מיך אַפילו!

לאָמאָוו: איך וועל אייך ווייזן פּאַפּירן, נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָווּנאַ!

נאַטאַליאַ: ניין, איר שפּאַסט, אָדער איר רייצט מיך... אָט אַ נייעס! מיר האָבן שוין די ערד כמעט 300 יאָר און— פּלוצלינג זאָגט מען אונז, אַז זי איז נישט אונזערע! איר וועט מיר ענטשולדיקן, איוואַן וואַסיליעוויטש, נאָר עס ווילט זיך מיר מיינע אויערן נישט גלייבן... מיר זענען גאָרנישט אַזוי

טייער די לאָנקעס. דאָרט איז בס"ה דאָ 5 מאָרגעס ערד און ס'קאָן קאָסטן אַן ערך פון דרייהונדערט רובל, נאָר מיך פאַרדריסט די אומגערעכטיקייט. רעדט, וואָס איר ווילט, נאָר קיין אומגערעכטיקייט קאָן איך נישט פאַרטראָגן.

ל אָ מ אָ װ: הערט מיך אויס, איך בעט אייך: די פויערן פון אייער פּאַפּאַשאַס זיידן, ווי איך האָב שוין געהאַט דעם כבוד צו זאָגן, האָבן געברענט ציגל פאַר מיין מומעס באָבען. דער מומעס באָבע, וועלנדיק זיי מאַכן אַן אַנגענעמע...

נ אַ ט אַ ל י אַ: זיידע, באָבע, מומע... כ'קאָן דאָ גאָרנישט פאַרשטיין די לאָנקעס זענען אונזערע און—פּטור!

ל אָ מ אָ װ: מיינע!

נ אַ ט אַ ל י אַ: אונזערע! איר זאָלט אַפילו גאַנצע צוויי טעג זיך באַמיען מיך איבערצוצייגן און איר זאָלט אַפילו אָנטון פופצן פראַקן, וועלן זיי אַלץ בלייבן 'אונזערע, אונזערע, אונזערע!'.. אייערס וויל איך נישט, אָבער מיינס וועל איך אויך נישט אַוועקגעבן!.. ווי איר ווילט!

ל אָ מ אָ װ: איך דאַרף זיי נישט צו האָבן, נאַטאַליאַ סטעפאַנאָוונאַ, נאָר איך זאָג עס צוליב פּרינציפּ. אויב איר ווילט קאָן איך זיי אייך שענקען.

נ אַ ט אַ ל י אַ: איך אַליין קאָן זיי אייך שענקען, ווייל זיי זענען מיינע!.. מיך וואונדערט עס זער אויף אייך, איוואַן וואַסיליעוויטש! ביז יעצט האָבן מיר אייך געהאַלטן פאַר אַ פריינט, אַ גוטן שכן. פאַראַיאָרן האָבן מיר אייך געבאָרגט אונזער מילעכל און צוליב אייך האָבן מיר געמוזט פאַרענדיקן מילן אונזער תבואה ערשט אין נאָוועמבער, און איר באַהאַנדלט אונז גאָר ווי ציגיינער. איר שענקט מיר מיין ערד. זייט מיר מוחל, אָבער דאָס איז נישט שכניש! איך האַלט, אַז דאָס איז אַ חוצפּה, און אויב איר ווילט...

ל אָ מ אָ װ: לויט אייער מיינונג, הייסט עס, אַז איך בין אַן אוזורפּאַטאָר? פריילין, איך האָב קיינמאָל קיין פרעמדע ערד נישט צוגענומען און כ'וועל נישט ערלויבן מיך דערין באַשולדיקן... (גייט שנעל-צו צו דער קאַראַפֿקע און טרינקט וואַסער) די אָקסן-

לאָנקעס זענען מיינע!

נאַטאַליאַ: אַ ליגנט, אונזערע!

לאָמאָוו: מיינע!

נאַטאַליאַ: אַ ליגנט! איך וועל אייך ווייזן! נאָך היינט וועל איך אַהינשיקן אונזערע פויערן!

לאָמאָוו: וו-אָ-אָס?

נאַטאַליאַ: נאָך היינט וועלן דאָרט זיין אונזערע פויערן!

לאָמאָוו: כ'וועל זיי הענט און פיס צובערעכן!

נאַטאַליאַ: איר האָט נישט קיין רעכט!

לאָמאָוו כאַפּט זיך אָן ביים האַרץ: די אָקסן-לאָנקעס זענען מיינע! איר פאַרשטייט? מיינע!

נאַטאַליאַ: שרייט נישט אַזוי, כ'בעט אייך! איר קאָנט שרייען וויפיל איר ווילט ביי זיך אין שטוב און דאָ זאָלט איר זיין אַביסל אָנשטענדיקער!

לאָמאָוו: ווען נישט דאָס שרעקליכע מאַטערנדיקע האַרצ-קלאַפּעניש, ווען פאַר די אויגן זאָל מיר נישט אַזוי שווינדלען, וואָלט איך מיט אייך, פרויליין, גאָר אַנדערש גערעדט! שרייט די אָקסן-לאָנקעס זענען מיינע!

נאַטאַליאַ: אונזערע!

לאָמאָוו: מיינע!

נאַטאַליאַ: אונזערע!

לאָמאָוו: מיינע!

IV

## דיזעלבע און טשובוקאָוו.

טשובוקאָוו: אַרײַנקומענדיק: וואָס איז? וואָס שרייט איר אַזוי?

נאַטאַליאַ: פּאַפּאַ, זײ אַזױ גוט דערקלערן אָט דעם הער, צו װעמען עס געהערן די אָקסן-לאַנקעס: צו אונז אָדער צו אים?

טשובוקאָװ צו אים: טײבעלע, די אָקסן-לאַנקעס זענען אונזערע!

לאָמאָװ: אָבער זײט מוחל, סטעפּאַן סטעפּאַנאָװיטש, פון װען-אָן זענען זײ עס אײערע? זײט כאָטש איר אַ מענטש מיט גערעכטיקײט! מײן מומעס באָבע האָט אַװעקגעגעבן די לאַנקעס אײער זײדנס פּױערן, מיט דער דערלױבניש, זײ אומבאַצאָלט צו באַנוצן. די פּױערן האָבן זיך באַנוצט מיט דער ערד גאַנצע 40 יאָר און האָבן זיך צו איר צוגעװױנט, װי צו אַן אײגענער. שפּעטער װען ס׳איז אױסגעקומען...

טשובוקאָװ: ענטשולדיקט, טײערינקער... איר פאַרגעסט, אַז די פּױערן האָבן טאַקי אײער באָבען גאָרנישט געצאָלט, װײל װעגן דעם שטח האָט מען זיך דאַן פּראָצעסירט און אַזױ װײטער... און יעצט װײסט יעדער הונט, אַז זײ זענען אונזערע. איר האָט, װײזט אױס, דעם פּלאַן נישט געזען.

לאָמאָװ: און איך װעל אײך אױסװײזן, אַז זײ זענען מײנע!

טשובוקאָװ: נײן, איר װעט נישט אױסװײזן, טײערינקער.

לאָמאָװ: נײן, כ׳װעל אײך יאָ אױסװײזן!

טשובוקאָװ: מאַמעלע, נאָך װאָס אַזױ שרײען? מיטן געשרײ װעט איר גאָרנישט קאָנען אױסװײזן. איך פאָדער נישט אײערס, אָבער מײנס װעל איך אױך נישט אַװעקשענקען. פאַרװאָס קומט עס אײך? און אױב ס׳איז שױן יאָ דערצו געקומען, אַז אײך האָט זיך פאַרװאָלט מײן ערד, דאַן װעל איך זי בעסער אַװעקגעבן די פּױערן, װי אײך. יאָ, אַזױ!

לאָמאָװ: כ׳פאַרשטײ נישט! װאָס פאַר אַ רעכט האָט איר אַװעקצושענקען פרעמד אײגנטום?

טשובוקאָװ: דאָס איז שױן מײן זאַך, צי כ׳האָב דער-

צו דאָס רעכט, אָדער נישט. יאָ, יונגערמאַן, איך בין נישט געוואוינט, מען זאָל צו מיר רעדן מיט אַזאַ טאָן. איך בין צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי איר, יונגערמאַן, און כ׳וועל אייך בעטן רעדן צו מיר מיט דרך-ארץ און דאָסגלייכן.

לאָמאָוו: ניין, איר האַלט מיך פאַר אַ שוטה און מאַכט פון מיר חוזק! מיין ערד רופט איר אייערע און איר ווילט נאָך, אַז כ׳זאָל זיין קאַלטבלוטיק און רעדן צו אייך מענטשליך. גוטע שכנים טוען נישט אַזוי, סטעפּאַן סטעפּאַניטש! איר זענט נישט קיין שכן, נאָר אַן אוזורפּאַטאָר!

טשובוקאָוו: וו-אָ-ס? וואָס האָט איר געזאָגט?

נאַטאַליאַ: פּאַפּאַ, שיק גלייך אַרויס אויף די לאָנקעס אונזערע פויערן!

טשובוקאָוו צו לאָמאָוון: וואָס האָט איר געזאָגט, גנעדי-קער הער?

נאַטאַליאַ: די אָקסן-לאָנקעס זענען אונזערע און כ׳וועל נישט אָפּטרעטן, כ׳וועל נישט אָפּטרעטן, כ׳וועל נישט אָפּ-טרעטן!

לאָמאָוו: דאָס וועלן מיר זען! איך וועל אייך דורכן גע-ריכט אויסווייזן, אַז זיי זענען מיינע!

טשובוקאָוו: דורכן געריכט? איר מעגט אָנקלאָגן אין געריכט, גנעדיקער הער און דאָסגלייכן! איר מעגט! איך קען אייך, איר וואַרט נאָר אָפּ די געלעגנהייט זיך צו קאָנען פּראָ-צעסירן און אַזוי ווייטער... אַ פאַרשאָלטענע נאַטור! אייער גאַנצע משפחה האָט ליב געהאַט זיך נאָר צו פּראָצעסירן! די גאַנצע משפחה!

לאָמאָוו: כ׳בעט אייך, נישט צובאַליידיקן מיין משפחה! אין לאָמאָוס משפחה זענען אַלע געווען אָרנטליכע מענטשן און ס׳איז נישטאָ קיין איינער, וואָס זאָל זיין געווען פאַרמשפּט פאַר פאַרשווענדן פרעמד געלט, ווי אייער זיידע!

טשובוקאָוו: און אין אייער משפּחה זענען אַלע געווען משוגעים!

נאַטאַליאַ: אַלע, אַלע, אַלע!

טשובוקאָוו: אייער זיידע איז געווען אַן אַלקאָהאָלי-
קער און די יונגערע מומע, אָט טאַקי די נאַסטאַסיאַ מיכאַי-
לאָוונאַ, איז אַרומגעלאָפן מיטן אַרכיטעקטאָר און אַזוי וויי-
טער...

לאָמאָוו: און אייער מוטער האָט געהאַט אַ קרו-
מע זייט... פּאַפּט זיך אָן ביים האַרץ ס'האָט אַ שטאָך געטון אין
דער זייט... אין קאָפּ האָט אַ קלאַפּ געטון... מענטשן!.. וואַ-
סער!

טשובוקאָוו: און אייער פאָטער איז געווען אַ קאָרטנ-
שפּילער און אַ פרעסער!

נאַטאַליאַ: און אייער מומע—די גרעסטע אינטריגאַנטקע
אין גאַנצן געגנט!

לאָמאָוו: דער לינקער פוס איז מיר אָנגענומען גע-
וואָרן... און איר זענט אַן אינטריגאַנט... אַך, מיין האַרץ!..
אַלע ווייסן, אַז איר האָט פאַר די וואַלן... אין די אויגן—פלאַ-
מען... וואו איז מיין הוט?

נאַטאַליאַ: נידעריק! נישט ערליך! מיאוס!

טשובוקאָוו: און איר אַליין זענט אויך אַ פאַלשער,
צוויי-זייטיקער און ברודיקער מענטש! יאָ!

לאָמאָוו: אָט איז דער הוט... דאָס האַרץ... וואו גייט
מען? וואו איז די טיר? אַך!.. דאַכט-זיך, אַז כ'שטאַרב... דער
פוס שלעפּט זיך נאָך..., גייט צו דער טיר.

טשובוקאָוו גייט אים נאָך: און איר זאָלט זיך ביי מיר
אין שטוב מער נישט ווייזן!

נאַטאַליאַ: קלאָגט-אָן אין געריכט! מיר וועל זען!
לאָמאָוו שלעפּט זיך אַרויס.

X

## טשובוקאָוו און נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוואַ.

טשובוקאָוו: צום טייוול! גייט ארום אויפגערעגט.

נאַטאַליאַ: וואָס פאַר אַ מנוול? נו—און גלויב נאָך גו-טע שכנים!

טשובוקאָוו: אַ פאַרדאָרבענער יונג! אַן אָנגעשטאָפּטער חזיר!

נאַטאַליאַ: אַזאַ אויסוואורף! גנבעט-צו יענעמס ערד און האָט נאָך אַזאַ חוצפּה זיך צו פאַרטיידיקן.

טשובוקאָוו: און אָט דער לץ, האָט נאָך אַ חוצפּה אַ אַהערצוקומען מאַכן אַ פאָרשלאַג און אַזוי ווייטער.

נאַטאַליאַ: וואָס פאַר אַ פאָרשלאַג?

טשובוקאָוו: אַוודאי! ער איז ספּעציעל אַהערגעקומען, אום דיר צו מאַכן אַ ליבעס-פאָרשלאַג.

נאַטאַליאַ: אַ פאָרשלאַג? מיר? פאַרוואָס האָסטו עס פריער נישט געזאָגט?

טשובוקאָוו: און דעריבער האָט ער אָנגעטון דעם פראַק!

נאַטאַליאַ: מיר? אַ פאָרשלאַג? אַך! פאַלט אויף אַ שטול און קרעכצט צוריק-רופן אים! צוריק-רופן! אַך! צוריק-רופן!

טשובוקאָוו: וועמען צוריק-רופן?

נאַטאַליאַ: שנעלער, שנעלער! ס'איז מיר נישט גוט! צוריק-רופן! אַ היסטעריקע.

טשובוקאָוו: וואָס איז? וואָס איז דיר? כאַפּט זיך אָן ביים קאָפּ אַן אומגליקליכער מענטש איך בין! כ'וועל מיך שיסן! כ'וועל מיך הענגען! מען האָט מיך פאַרמאַטערט!

נאַטאַליאַ: כ'שטאַרב! צוריק-רופן!

טשובוקאָוו: טפו! באַלד! קוויטשע נישט אַזוי!

לויפט ארויס.

נאַטאַליאַ אליין, קרעכצט: וואָס האָבן מיר געטון? צוריק-רופן! צוריק-רופן!

טשובוקאָוו לויפט אריין: ער וועט באַלד קומען און אַזוי ווייטער, דער טייוול זאָל אים נעמען! אוף! רעד דו אַליין מיט אים, און איך, איך וויל נישט...

נאַטאַליאַ קרעכצט: צוריק-רופן!

טשובוקאָוו שרייט: ער גייט דאָך, זאָגט מען דיר. אָ, גאָטעניו, וואָס פאַר אַ שווערע מלאכה צו זיין אַ פאָטער פון אַזאַ גרויסער מויד! כ'וועל מיך שחטן! כ'מוז מיך דורכאויס שחטן! מען האָט אָנגעזידלט אַ מענטש, באַליידיקט פון קאָפּ ביז פיס, אַרויסגעיאָגט, און אַלץ צוליב דיר... צוליב דיר!

נאַטאַליאַ: ניין, צוליב דיר!

טשובוקאָוו: אָט האָסטו דיר, איך בין נאָך שולדיק! אין דער טיר באַווייזט זיך לאָמאָוו נו, רעד זיך אַליין מיט אים דורך! גייט ארויס.

## VI

## נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ און לאָמאָוו.

לאָמאָוו קומט אריין א פארמאטערטער: אַ שרעקליך האַרץ-קלאַפּן... דער פוס איז שטייף געוואָרן... אין זייט שטעכט...

נאַטאַליאַ: ענטשולדיקט, מיר האָבן זיך אַביסל צוהיצט, איוואַן וואַסילעוויטש... כ'דערמאָן זיך יעצט: די אָקסן-לאָנקעס זענען טאַקי אייערע.

לאָמאָוו: ס'האַרץ קלאַפּט שרעקליך... די לאָנקעס זענען מיינע... די אויגנלידער צאַפּלען...

נאַטאַליאַ: אייערע, אייערע... זעצט אייך... זעצן זיך מיר

זענען געווען אומגערעכט...

לאַמאַוו: איך האָב נאָר צוליב פּרינציפּ... מיר איז די ערד נישט אַזוי טייער, נאָר טייער איז מיר דער פּרינ-ציפּ...

נאַטאַליאַ: נו, אַוודאי, דער פּרינציפּ... קומט מיר ווען רעדן וועגן עפּעס אַנדערש.

לאַמאַוו: דערצו נאָך, אַז איך האָב באַוויזן. מיין מו-מעס באָבע האָט אַוועקגעגעבן די פויערן פון אייער פּאַפּאַשעס זיידן...

נאַטאַליאַ: שוין גענוג, גענוג וועגן דעם... צו זיך כ'ווייס נישט פון וואָס אָנצוהייבן... צו אים איר קלייבט זיך ווען אויף יאַגד?

לאַמאַוו: ווען מען וועט שוין האָבן צונויפגעזאַמלט די תבואה, געשעצטע נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ. אַך, איר האָט גע-הערט וועגן מיין אומגליק!? מיין אוגאַדאַי, וועלכן איר קענט אויסגעצייכנט, האָט אָנגעהויבן צו הינקען.

נאַטאַליאַ: וואָס פאַר אַן אומגליק! פּלוצלינג?

לאַמאַוו: כ'ווייס נישט... ס'קאָן זיין, אַז ער האָט זיך אויסגעלענקט אַ פוס, אָדער אַנדערע הינט האָבן אים צו ביסן... זיפצט דער בעסטער הונט, שוין נישט רעדנדיק וועגן געלט! איך האָב דאָך אַליין באַצאָלט פאַר אים מיראָנאָווון 125 רובל.

נאַטאַליאַ: איבערגעצאָלט, איוואַן וואַסילעוויטש!

לאַמאַוו: לויט מיין מיינונג, איז עס זייער ביליג. אַן אויסגעצייכנטער הונט.

נאַטאַליאַ: דער פּאַפּאַ האָט געגעבן פאַר אונזער אָט-קאַטאַיען 85 רובל, און אָטקאַטאַי איז דאָך בעסער פון אוגאַ-דאַיען!

לאַמאַוו: אָטקאַטאַי איז בעסער פון אוגאָדאַיען? וואָס רעדט איר. לאַכט אָטקאַטאַי בעסער פון אוגאָדאַיען!

נאַטאַליאַ: פאַרשטייט זיך, בעסער! אמת, אָטקאַטאַי אי נאָך יונג, ער איז נאָך נישט ענטוויקלט, ווי געהעריק, אָבער

לויט זיין אויסזען, איז קיין בעסערער הונט פון אים נישטאָ אַפילו ביי וואָלטשאַניעצקען.

לאָמאָוו: ענטשולדיקט, נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ, איר פאַר־געסט אָבער, אַז ער איז געפּענטעט, און אַ געפּענטעטער הונט טויג צו גאָרנישט פון אייביקע צייטן אָן!

נאַטאַליאַ: געפּענטעט? כ'הער עס צום ערשטן מאָל!

לאָמאָוו: כ'פאַרזיכער אייך, אַז דער הינטערשטער קינ־ביין איז קורצער פאַר דעם אייבערשטן.

נאַטאַליאַ: איר האָט געמאָסטן?

לאָמאָוו: געמאָסטן. צום היטן איז ער גוט, דאָס פאַר־שטייט מען, אָבער אַז מען וויל צום פאַנג, טאָ קאָן ער קוים...

נאַטאַליאַ: ערשטנס איז אונזער אָטקאַטאַי אַ ראַסאָווער הונט, ער איז אַ זון פון זאַטיאַגאַיען און סטאַמיעזקיען און איי־ער הונט איז אַ ממזר... אַ חוץ דעם איז ער אַלט און העס־ליך, ווי אַ קליאַטשע...

לאָמאָוו: אַלט? איך וועל פאַר אים קיין פינף אייערע אָטקאַטאַיס נישט נעמען... צי קאָן מען דען? אוגאַדאַי—איז אַ הונט, און אָטקאַטאַי... ס'לוינט אַפילו זיך נישט צו קריגן... אַזעלכע הינט, ווי אייער אָט־אַטאַי האָט יעדער פויער...

נאַטאַליאַ: אין אייך, איוואַן וואַסילעוויטש, זיצט היינט אַ שד פון קריגערייען. דאָס זענען אַלץ משוגענע איינפאַלן, אַז די לאָנקעס זענען אייערע און אוגאַדאַי איז בעסער פון אָטקאַטאַיען. כ'קאָן נישטליידן, ווען אַ מענטש ווייסט נישט דאָס, וואָס ער רעדט. איר אַליין ווייסט דאָך אויסגעצייכנט, אַז אָטקאַטאַי איז הונדערט מאָל בעסער פון דעם נאַרישן או־גאַדיען, פאַרוואָס־זשע זאָלט איר זיך קריגן?

לאָמאָוו: איך זע, נאַטאַליאַ סטעפּאַנאָוונאַ, אַז איר האַלט מיך פאַר אַ בלינדן, אָדער פאַר אַ אידיאָט. פאַרוואָס ווילט איר נישט נאָרשטיין, אַז אָטקאַטאַי איז געפּענטעט!

נאַטאַליאַ: אַ ליגנט!

לאָמאָוו: געפּענטעט!

נאַטאַליאַ: שרײַט אַ ליגנט!
לאָמאָוו: וואָס שרײַט איר אַזוי, פרײַלײַן?
נאַטאַליאַ: טאָ פאַרוואָס רעדט איר שטותים? דאָס איז דאָך אונערהערט! אײַער אוגאַדאַיען איז שוין לאַנג צײַט געווען צו דערשיסן, און איר פאַרגלײַכט אים נאָך מיט אָטקאַטאַיען!
לאָמאָוו: ענטשולדיקט, איך קאָן מיך מער נישט קריגן. דאָס האַרץ קלאַפּט מיר.
נאַטאַליאַ: איך האָב באַמערקט: אַממײַנסטן קריגן זיך נאָר די יעגער, וואָס פאַרשטײען אַמווײניקסטן.
לאָמאָוו: פרײַלײַן, איך בעט אײַך, זײַט שטיל... דאָס האַרץ פּלאַצט מיר... שרײַט זײַט שטיל!
נאַטאַליאַ: כ'וועל נישט שטיל ווערן, ביז איר וועט נישט מודה זײַן, אַז מײַן אָטקאַטאַי איז הונדערט מאָל בעסער פון אײַער אוגאַדאַיען!
לאָמאָוו: הונדערט מאָל ערגער! פגרן זאָל ער, אײַער אָטקאַטאַי! די זײַט... דאָס אויג, די פּלײצעס...
נאַטאַליאַ: און אײַער אידיאָטישער אוגאַדאַי דאַרף שוין נישט פגרן, ווײַל ער איז סײ-ווי אַ פגר!
לאָמאָוו וויינט: הערט אויף! דאָס האַרץ איז מיר געפּלאַצט!
נאַטאַליאַ: כ'וועל נישט אויפהערן!

VII

## דיזעלבע און טשובוקאָוו.

טשובוקאָוו קומט אַרײַן: וואָס איז שוין ווידער?
נאַטאַליאַ: פּאַפּאַ, זאָג דעם אמת, ווי אַן ערליכער מענטש: וועלכער הונט איז בעסער — אונזער אָטקאַטאַי, אָדער זײַן אוגאַדאַי?

לאָמאָוו : סטעפּאַן סטעפּאַנאָוויטש, כ׳בעט אייך, זאָגט נאָר איינס.: אייער אָטקאַטאַי איז געפּענטעס, אָדער ניין ? יאָ, אָדער ניין?

טשובוקאָוו: און אויב אַפילו יאָ? אַ גרויסע זאַך! דער־פאַר איז אין גאַנצן געגנט נישטאָ קיין בעסערער הונט און אַזוי ווייטער.

לאָמאָוו : אָבער מיין אוגאַדאַי איז דאָך בעסער? דעם אמת!

טשובוקאָוו: רעגט זיך נישט אויף, טייערינקער... ער־לויבט... אייער אוגאַדאַי האָט טאַקי אַ סך גוטע מעלות... ער איז אַ ראַסאָווער הונט, אַ פלינקער, אַ שטאַרקער און דאָסגלייכן. נאָר אייער הונט האָט צוויי חסרונות, אוצרל מיינס : ער איז אַלט און האָט קורצע קלעשטשעס.

לאָמאָוו: ענטשולדיקט, איך האָב האַרצקלאַפּעניש... מיר וועלן נעמען פאַקטן... דערמאָנט אייך, זייט מוחל, אַז אויף די מאַרוזקינעס פעלדער איז מיין אוגאַדאַי געגאַנגען מיטן גראַפס ראָזמאַכאַי טריט־ביי־טריט, און אייער אָטקאַטאַי איז געבליבן הינ־טערשטעליק אויף אַ גאַנצן וויאָרסט.

נאַטאַליאַ : ער איז געבליבן הינטערשטעליק, ווייל דעם גראַפס אַ רייטער האָט אים אַ שמיץ געטון מיטן ראַפּ־ניק.

לאָמאָוו: ס׳איז אים געקומען. ווען אַלע הינט יאָגן נאָך אַ פוקס, בעפאַלט גאָר אייער אָטקאַטאַי אַ שעפּס!

טשובוקאָוו : נישט אמת!.. טייבעלע, איך בין אויפגע־רעגט, און דעריבער בעט איך אייך איבערייסן די מחלוקה. ער האָט אַ שמיץ געטון, חייל ס׳איז קיינעם נישט אַנגענעם צו־קוקן אויף אַ פרעמדן הונט... יאָ־אָ־אָ ! בעלי־קנאה זענען זיי אַלע! און אייך, יונגערמאַן, פעלט אויך נישט ! קוים באַמערקט איר, אַז אַ פרעמדער הינט איז כאָטש אַביסל בעסער פון איי־ער איגאַדאַיען, הייבט איר באַלד אָן, דאָס... יענץ... און דאָס־גלייכן. איך געדענק אַלץ !

לאָמאָוו: איך געדענק אויך!

טשובוקאָוו רייצט אים: איך געדענק אייך... וואָס געדענקט איר?

לאָמאָוו: האַרצקלאַפּעניש... דער פוס איז שטייף געוואָרן... איך קאָן נישט.

טשובוקאָוו רייצט אים: דאַ־צקלאַפּעניש... וואָס פאַר אַ יעגער זענט איר? איר דאַרפט בעסער ליגן אין קיך און אויסראָטן ווערם און נישט יאָגן זיך נאָך פוקסן! האַרצקלאַפּעניש... באמת, וואָס פאַר אַ יעגער זענט איר עס? מיט אייערע האַרצקלאַפּענישן דאַרפט איר אין דערהיים זיצן און נישט רייטן אויפן פערד. מילא, ווען איר זאָלט כאָטש אָנטייל נעמען אין יאַגד, אָבער איר פאָרט דאָך, נאָר אום זיך צו קריגן און מישן זיך צווישן פרעמדע הינט און אַזוי ווייטער. איך בין אויפגערעגט, מיר וועלן איבערייסן דעם שמועס. איר זענט בכלל נישט קיין יעגער!

לאָמאָוו: און איר זענט דען אַ יעגער? איר פאָרט נאָר, אום זיך אונטערצוהנפּענען דעם גראַף און אינטריגירן... מיין האַרץ!.. איר זענט אַן אינטריגאַנט?

טשובוקאָוו: וואָ-אָ-ס? איך בין אַן אינטריגאַנט? שרײַט שווייגן זאָלט איר!

לאָמאָוו: אינטריגאַנט!

טשובוקאָוו: יונגל! שנעק!

לאָמאָוו: אַלטער שטשור! יעזואירט!

טשובוקאָוו: שווייג, אַז נישט וועל איך דיך שיסן, ווי אַ קוראַפּאַטווע! ליידיק-גייער!

לאָמאָוו: אַלע ווייסן, אַז—אַך, דאָס האַרץ!—אייער זעליגע ווייב האָט אייך געשלאָגן... דער פוס... די אויגן... פלאַמען... כ׳פאַל, כ׳פאַל...

טשובוקאָוו: און דו ביזט דיין ווירטינס אַ הינטל!

לאָמאָוו: אָט, אָט, אָט... דאָס האַרץ איז געפּלאַצט! די פלייצע איז אָפּגעפאַלן... וואו איז מיין פלייצע?.. כ׳שטאַרב פאַלט אויף אַ שטול אַ דאָקטאָר! חלשות.

טשובוקאָוו: יונגל! שנעק! ליידיק-גייער! מיר איז נישט

גוט! טרינקט וואַסער נ"שט גוט!

נאַטאַליאַ: וואָס פאַר אַ יעגער זענט איר? איר קאָנט דאָך אַפילו אויפן פערד נישט זיצן! צום פּאָטער פּאַפּאַ! וואָס איז מיט אים? פּאַפּאַ! גיב אַ קוק, פּאַפּאַ! מונטערט אים איוואַן וואַסי-לעוויטש! ער איז געשטאָרבן!

טשובוקאָוו: מיר איז נישט גוט!.. ס'האָט מיר פאַרכאַפּט דעם אָטעם!.. לופט!

נאַטאַליאַ: ער איז געשטאָרבן? ציט לאָמאָוון ביים אַרבל איוואַן וואַסילעוויטש! איוואַן וואַסילעוויטש! וואָס האָבן מיר גע-טון? ער איז געשטאָרבן! פאַלט אויף אַ שטול אַ דאָקטאָר, אַ דאָק-טאָר! אַ היסטעריקע.

טשובוקאָוו: אָך!.. וואָס איז? וואָס איז דיר?

נאַטאַליאַ קרעכצט: ער איז געשטאָרבן!.. געשטאָרבן!

טשובוקאָוו: ווער איז געשטאָרבן? באַמערקט לאָמאָוון ער איז באמת געשטאָרבן! מענטשן!.. וואַסער! אַ דאָקטאָר! דערלאַנגט לאָמאָוון צום מויל אַ גלאָז וואַסער טרינקט!.. ניין, ער טרינקט נישט... הייסט עס, ער איז טאַקי געשטאָרבן און דאָסגלייכן... כ'בין דער אומגליקליכסטער מענטש! פאַרוואָס דערשיס איך זיך נישט? פאַרוואָס האָב איך זיך נאָך נישט געשחטן? אויף וואָס וואַרט איך? גיט אַהער אַ מעסער! גיט מיר אַ רעוואָלווער! לאָמאָוו באַ-וועגט זיך, דאַכט זיך, ער ווערט צוריק לעבעדיק... טרינקט וואַ-סער!.. אָט אַזוי...

לאָמאָוו: פלאַמען... אַ נעפּל... וואו בין איך?

טשובוקאָוו: נו, האָט שוין חתונה און—זאָל עס נעמען אַ סוף! זי איז מסכים! פאַראייניקט לאָמאָוון און דער טאָכטערס הענט זי איז מסכים און דאָסגלייכן. און איך בענטש אייך און אַזוי ווייטער, אַבי לאָזט מיך צורו!

לאָמאָוו: אַ? וואָס? שטייט-אויף ווּעמען?

טשובוקאָוו: זי איז מסכים! נו? צוקושט אייך און... און דער רוח זאָל עס נעמען!

נאַטאַליאַ קרעכצט: ער לעבט... יאָ, יאָ, איך בין מסכים...

טשובוקאָוו: צוקושט אייך!

ל אָ מ אָ וו : אַ? וועמען? *קושט זיך מיט נאַטאַליע סטעפּאַנאָוונען* זער אַנגענעם... ערלויבט, וועגן וואָס האַנדלט זין? יאָ, יאָ, כ׳פאַרשטיי... דאָס האַרץ... פלאַמען... איך בין גליקליך, נאַ-טאַליאַ כטעפאַנאָוונאַ... *קושט איר האַנט* דער פוס איז אָפּגעפאַלן...

נ אַ ט אַ ל י אַ: איך... איך בין אויך גליקליך...

ט ש ו ב ו ק אָ וו : ווי אַ באַרג פון די פּלייצעס... אוף!

נ אַ ט א ל י אַ : נאַ... אָבער יעצט וועט איר שוין מודה זיין, אַז אָטקאַטאַי איז ערגער פון אוגאַדאַיען?

ל אָ מ אָ וו: בעסער!

נ אַ ט אַ ל י אַ : ערגער!

ט ש ו ב ו ק אָ וו : נו, דאָס פאַמיליען-גליק הייבט זיך שוין-אָן! שאַמפּאַניער!

ל אָ מ אָ וו: בעסער!

נ אַ ט אַ ל י אַ : ערגער! ערגער! ערגער!

ט ש ו ב ו ק אָ וו *באַמיענדיק זיך איבערצושרייען:* שאַמפּאַניער! שאַמ-פּאַניער!

פ אָ ר ה א נ ג.

# פארלאג „אונזער בוך"

## פארלויפיג זענען ערשינען פאלגענדע זאכען:

| | |
|---|---|
| א פאריתום'ט לעבען — — — | פון יהודה שטיינבערג. |
| ליבע = שפיעל, דראמע — — — | „ ארטור שניצלער. |
| דאס רעכט אויף ליבע, דראמע — — — | „ מאקס נארדוי. |
| דער קלאון, איינאקטער — — — | „ א. י. קופרין. |
| דער פארשלאג „ — — — | „ א. טשעכאוו. |
| דער אנטלאפענער „ — — — | „ ט. הערצל. |

## פון דער קינדער־ביבלאטעק „בלומען":

| | |
|---|---|
| מעשה'לעך — — — — | פון יהודה שטיינבערג. |
| (די זעלבע בראשירט אין 5 נומערן) — — | |
| אואב גריזלים ביאגראפיע (א געשיכטע וועגן א ווייסן בער) | „ סעיטאן טאמפסאן. |
| נאך בלומען — — — — | „ אנאטאל פראנס. |
| דער קאליף־באטשאן — — — | „ וו. הויף. |
| דער קארליק מוק — — — — | „ „ |
| שניי־ווייסעלע — — — — | „ ברידער גרים. |
| דאס מזל'דיקע פישעלע — — — — | „ יואל מאסטבוים. |
| חיים'ל — — — — — | „ יעקב רייזפעדער. |
| דער אוצר אין שניי — — — | „ „ „ |
| די מוטער מיט'ן קינד — — — — | „ „ „ |
| צוויי סוחרים — — — — | „ „ „ |
| דער אורח — — — — | „ „ „ |
| דאס יונגעלע און זיין סאמאווארעלע — — | „ „ „ |
| די קינדער פון קעלער־שטוב — — | „ „ „ |
| דער בריליאנטענער פרינץ — — — | „ „ „ |
| צוויי שוועסטערלעך — — — | „ „ „ |

אדרעס פון פארלאג:

Wyd. „Unzer Buch" Warszawa, Śliska № 34.